# טורמע ערּאינערונגען

פון

משה צעשינסקי

ניו יארק

1915



אס איז געוועזן אין **23** יאנואר **1914**, פרייטאג, ארום **12** אזייגער ביי נאַכט; שטיל איז געוועזן אין די טשענסטאָכאָווער גאסען, וואו־ניט־וואו האט מען נאך בעמערקט דורכגעהן אַ פערשפעטיגטען דורכגעהער, אַ איינזאַמען נאכט וואנדערער, וועלכער האט נ׳עאיילט וואס שנעלער אהיים: די איינציגע אָפיצ׳עלע פער־טרעטער פון די גאַסען, זענען נור געוועזן די נאַכט שומרים וואס היטען אז מ׳זאל חלילה ניט בע׳גנב׳נען פון די רייכע, זייער פערמעגען זייער רייכטהום... לעבען זיי האָבען זיך אויך געפינען זייערע בעגלייטער, גרויסע ווי אויך קלענערע הינט.

אַ אויסנאהם איז ביי מיר יענע היסטאָרישע נאַכט געוועזן, אין משך פון מיין לעבענס־פעריאָדע, די גאַסען האָבען זיך אויך אונטערשידען פון אלע מאָל, מיט זייער בעזונדערן אויסזעהן און שטערונג פון די רוהיגקייט.

פאסירט האט עס צוליב פאלגענדען ; די היטער פון געזעץ, די כלומרשטע טראכטער, פאר דעם בעסטען וואָהל פון די שטאדטישע בירגער, האבען בעקומען א דאָנאָס (מסירה) אַז אידישע אַרבייטער, וועלכע וואוינען אין אידי־שען קווארטאל, וואס מאטערן זיך טאג איין, טאג אויס, פיהרענדיג אַ פערביטערטען הארטען קאַמפף, פאר זייער לעבען און עקזיסטענץ, וועלכע פערדינען קוים אַ לעבען צו מאכען, אין צו זעטיגען זיך מיט זייערע ווייבער און קינדער, אַז זיי, אָט דיזע שוואכע, בלייכע מענשען, זענען רעוואלוציא־נערען, אין זיי ווילען מאַכען אַ וועלט איבערקערעניש -- די רוסישע פאליציי אין זשאנדארמערי, וועלכע צייכענט זיך

שטענדיג אויס, מיט זייער אויסגעהאלטענקייט פון אָביסקען און רעפּרעסיעס, פיהרט זיי אויס מיט אלע שטרענגקייטען, האבען זיך גענומען צו דער ארבייט, אויסצופיהרען זייער שליחות.

נאך פרייטאג ביי טאג, האט די פאליציי בעקומען א וואונק, פון דער העכערער מאכט, צו זיין גרייט אויפן אבענד. אין שפּעט ביינאכט, האבען זיי זיך גענומען צו דער ארבייט, צוטהיילט זיך גרופּענווייז, געהן כאַפּען אין נעץ פון פּיין און קנעכטשאַפט, די מענשען וואס ווילען בעשאַפען אַ שענערעס לעבען אין א בעסערעס, וועלכעס, זאל זיין געבויט אויף בעסערע פונדאמענטען . ווי עס איז ביז יעצט...

ווי רויבערס, וועלכע האבען אין מיטעל־אלטער, גענר־מען אין געפאנגשאַפט, שוואכערע מענשען, וועלכע האבען זיך ניט געקענט פערטהיידיגען, אזוי האבען זיי יעצט גענומען אויספיהרען, דעם בעפעהל, פון זייער העכערען אַטאַמאַן, וועמעס איינציגער ציעל און וואונש איז געוועזען צו דערשטי־קען אַלעס וואס בליהט און וויל בליהען און זיך ענטוויקלען.

דעם אַטאַמאַנס און זיינע דיענערס איינציגער פערגעניגען איז, צו פערטרונקען אין אַ ים פון פּיין און מענשליכע ליידען די בעסטע זיהן פון פאלק, דיא בעסטע קינדער פון דער וועלט, וואס קומען מיט זייערע נייע אויסרופען, אז אלעס זאל בעלאנגען צו אלעמען.

פרייטאג אבענד, דעם **23**־טען יאנואר, בעמערקט זיך ניט, די טויטע שטילקייט ווי אלע מאָל, די נאכט שומרים פרייען זיך זעהר, עס בעווייזען זיך נעבען זיי פאליצייסקע חברה לייט, גאנצע מחנות מארשירען זיי, אין

פרעגען זיך נאך אדרעסען א. ז. וו. די נאכט שומרים ווייזען ארוים זייער גאנצע פפליכטס פונקטליכקייטען, העלפען זיי ארוים אויף זייערע אנפראגען, זיי זענען דאך נאהענטע מחותנים, די מיערע איינוואוינער שלאפען רוהיג אין זייערע וואוינונגען, נאך זייער טעגליכער הארעוואניע, וואר־ניט־וואו, אין מאנכע וואוינונגען, וואו ס׳געפינען זיך גאנצע פאמיליעס ווי דער עלענד אין נויט הערשט אין אלע ווינקעלאך, שלאָפט מען ניט נאָרמאל, מאנכעס מאהל הערט זיך אַ הוסטען פון די וועלכע האבען זיך פערקיהלט, פון דעם נאסען קאלטען וועטער, אין זענען ניט גוט בעשיצט מיט ווינטערדיגע, ווארימע מלבושים, אין אויך פון דעם דושנעם שטיקענדען לופט אין וועלכען זיי קומט אוים צו וואוינען. ביי מיר איז גראדע געוועזען גענוג ארבייט, איך האב ניט געהאט וואס זיך צו בעקלאגען, אין מיין ליעבע מוטער, וועלכע איך שעין הייליג און טהייער, פלעגט מיר אלע מאהל זאגען, „משה׳לי! וואס טויגען דיר „יענע חברה!״ איך האב איהר ניט געאנטווארט, איך האב איהר ניט געוואלט פערשאפען קיין עגמת נפש, און איך האב מיט מעהר איבערגעבענהייט געארבייט פאר די בעפרייאונג פון די אידישע ארבייטער...

שוין מיט אַ צייט צוריק, בעפאר דיזען פרייטאג, האט מיך שוין געפייניגט דער געדאנק, אַז שוין נאהענט איז די צייט פון מיין ארום וואנדערן, צוזאמען מיט אלע פרייע מענשען אין אָט, אָט, ווער.איך אבגעריסען פון אלע נאהענטע און טהייערע.

פון טאָג צו טאָג בעזונדערס יעדער נאַכט, געהענדיג שלאפען און אויפבאפענדיג זיך פארטאגס, דערזעהענדיג

אַז ס׳איז שוין דער פריה־מאָרגען, ווערלכער גיבט מיר אָב אַ גרים דורך מיין פענסטער, וואס איז נאהענט פון מיין געלעגער, האָב איך זיך ממש געפיהלט גליקליך, געוויסט, אַז דער טאָג געהער שוין צו מיר, כ׳האָב זיך ניט אזויפיל געשראָקען פאר דער טורמע, פאר די דיקע גראָהע, פייכטע מויערען און איהרע גרויסע פערשלאָסענע ריגלען, ווי עס האט מיך געפייניגט דער געדאַנק, אַז מיין יעצטיגער ארעסט, וועט איבערדרייסען מיין גאנצע קאריערע און וועט רואינירען אונזער גאַנצעס פאמיליען הויז, דאס האט געעגבערט מיין מוח אהן א אויפהער...

בעזונדערס האב איך זיך פארגעשטעלט, וואס פאר שווערע מאמענטען, אהנע אויפהערליכע ליידען, עס וועט מיין ליעבע מוטער מוזען דורכמאכען, אין דער צייט, ווען איך וועל זיין פערשפאַרט אין טורמע, אבגעריסען פון דער לעבעדיגער וועלט...

אויך האט זיך זעהר געוואלט לעבען צוזאמען מיט אלע נאָהענטע חברים, פריינד און בעקאַנטע, ווערלכע זענען מיר שטענדיג געוועזען נאהענט און טהייער, און אויב, איך זאל ווערען אבגעריסען פון זיי, האב איך געוואוסט, אַז כ׳וועל זיי פעהלען אויף יעדען שריט און טריט...

פון טאָג צו טאָג, איז מיין לעבען געוואָרען טרויריגער, אומעטיגער, יאוש אין פערצווייפלונג האָבען אנגעפילט מיין הערץ, פעסט געפרעסט, געדריקט מיין נשמה.

יעדען פריה־מאָרגען האט זיך אויסגעדאַכט, אַז נאָך בלויז דעם היינטיגען טאָג געהער איך צו מיינע ליעבע

עלטערן, בין איך בעל הבית איבער זיך, אין ביי־נאַכט, וועלען זיי קומען, די חיות און מענשען געשטאַלטען, און מיך אַוועקרויבען, אריין שליידערן אין זייער נאַסען, פינ־סטערען, איינזאַמען קבר...

יעדען טאג האָב איך בודק געווען מיינע קליידער און קעסטלעך, כ׳האָב געזיכט, געפלינדערט און פערניכטעט אַלעס פאַרן שטורם... כ׳האָב פערשטאַנען, אַז פריהער אָדער שפּעטער, וועלען זיי קומען פאַר אַ בעזוך צו מיר, און עס וועט מיר ניט זיין היימליך... ווייל וואס איז דען ביי זיי ניט טריפה? אפילו לעגאַלע, כשר׳ע זאַכען אויך... און ניט איינמאל פלעג איך אנלייגען אַ פייער, אַ גרויס פייער פון וועלכען דער הויפּט ברענשטאָף איז שטענדיג געווען ליטעראטור און קאָרעספּאָנדענציעס.

איך פלעג שטעהן ביים פייער שטונדען לאַנג און וויינען און קלאָגען אויף די פערלוירענע דאָקומענטען און אוצרות פון וועלכע ס׳איז ניט מעהר געבליבען ווי אַ בארג אַש...

דיעזע מאָמענטען זענען ביי מיר געווענען די טרויע־ריגסטע, עפּעס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז כ׳שטעה ווי אַנ׳אבל איבער אַ בר מינן... דער אונטערשיעד איז נור, וואס דאָרטען בעגראבט מען אַ טויטען סקעלעט, און דאָ ווערט פערברענט דאָקומענטען, וואס וואָלטען געקענט אַ מאָל האבען אַ ריעזיגען ווערטה, פאַר די שפּעטערדיגע מענשהייט, ווען ס׳וועלען זיין אַנדערע בעדינגונגען ווי יעצט.

די צייט איז ענדליך געקומען, די שווערע ברוטאלע לאַפּעס האבען אויסגעשפּרייט זייער נעץ, אום צו כאַפּען אין

טייך, ניט פיש, נור מענשליכע וועזענס...

איך געדענק עס נאך ווי היינט, אין דרויסען פייפט דער ווינד אומבארחמנות׳דיג, ס׳טרעשעצען אזש אונזערע שטיבּ שויבּען, וואס זאגען אונז אן ליגענדיג אויף אונזערע געלעגערס, אַז דרויסען איז ניט קיין שפּיעלעכעל... אַז דער ווינטער איז דא... דער טאַטע מיינער, דרימעלט שוין לאַנג, מיינע יונגערע ברידער זענען נאך וואַך, אויף זייערע געלעגערס, איך אליין ליג אויך נאָך אויף, עפּיס ווילט זיך יא שוין שלאפען, כאטש צעריים זיך אַז ס׳געהט ניט... מיין ליעבּע מוטער, וועמעס געשטאַלט איז היינט ווייט פון מיר, שלאפט אויך נאך ניט, נאך ביי־טאג האבּ איך געוואוסט, אַז זי ברויכט זיך אויסצורוהען פון איהר שווערע טאג אַרבּייט, איך האבּ גערעכענט, אַז זי וועט די פרייטאג נאַכט שלאפען אַ דורך ווי קיין מאהל גאָר ניט... אבּער, מיר האבּען אַלע אַ טעות געהאט, די מוטער מיינע שלאפט אויך ניט, אַלעס איז וואַך... ווי מיר וואָלטען זיך צו געגרייט צו עפּעס, ווי מען וואָלט געפיהלט אַז עס האַלט פאַר אַ שטורם אויסברוך... דער זייגער, קלאַפּט אויס 12 אבקלאַנגען. וואס זאגט אן, אַז עס איז שוין אַריבּער אַ האַלבּע נאַכט, עפּעס ווערט די רוהיגקייט געשטערט, ס׳פיהלט זיך, אַז ס׳איז ניט גלאַט אין דרויסען... מען שושקעט זיך נעבּען אונזערע פענסטער, מען ציהט דעם גלאָק, וואס דיענט פאַר אַ טעלעפאָן צו אונזער נאַכט שומר, פאַר די אָפּטע פערשפּעטיגטע שכנים, דער גלאָק קלינגט היינט רעש׳דיגער ווי אַלע מאהל.

מיין מאַמע, וועלכע האט גערעכענט אַז איך שלאף

שוין, רופט מיך פאַמעלעך, כ'זאָל זיך ניט איבערשרעקען, "עפּעס דאַכט זיך, אַז פּאָליציי קלינגט" און באַלד הערט מען שוין זייערע טריט אויפ'ן הויף, מיין מוטער טהוט מיך בערוהיגען, אפשר געהט מען ניט צו אונז, אָבער יעדענ־פאַלס, מיך געמאַכט אויפמערקזאַם אויב איך בין נור אַ כשר'ער...

"ארימע! ארימע מאַמע! טראַכט איך ביי זיך, פיהלט דו וואס עס שפּיגעלט זיך אב ביי מיר אין הארץ?" דו פערשטעהסט פיעלעס, אָבער דו ווייסט דאָך ניט גענוי, מיין גאַנצעס מיין אינערעס לעבען... דער יעצטיגער בעזוך פון די פּאָליציי און זשאַנדאַרמערי קאָן אַ מאָל זיין אַ צו שיידונג מיט דיר און אונזער גאַנצע פאַמיליע און בעקאַנטע אויף אַ לאַנגע צייט... מיין מוטער פיהלט אָבער ניט אַזוי פיעל ווי איך, זי איז ניט בעקאַנט און בעלעזען וועגען די אַלע גרויזאַמקייטען פון די רוסישע טורמעס, וואו פיעלע גוטע און עהרליכע זוהן און טעכטער, האָבען געענדיגט זייערע גאַנצע יאהרען אין די קאַלטע קאַמערן פון זייערע צעלעס...

שוין קיינמאהל ניט געזעהען די ברייטע, ליכטיגע וועלט וועגען וועלכע זיי האָבען גע'חלומ'ט, געטראַכט, פערשוועג־דעט כוחות און געליטען אונבעשרייבליכע יסורים...

דער געדאַנק מיינער ווערט איבערגעריסען דורך אַ קלאַפּ און טהיר, וועלכער האָט שוין געגעבען קלארע סימנים, אַז מען מיינט ניט קיין אַנדערן נאָר מיין כבוד.

אוי! גיבט מיין מוטער אַ זיפץ, איבערוועקט, מיין מיעדען דרימלענדען טאַטען, אין אַליין שאַפּט זי זיך מוטה,

ענערגי, געהט צו עפנען די טהיר, ארייצולאַזען, די ניט געוואונשטע געסט, די צושטערער פון איהר קינד'ס גליק, און די פערפינסטערער פון אונזער פאַמיליען לעבען... זי האט אַנדערש ניט געקאָנט האַנדלען, זי האָט געמוזט עפנען די טהיר, ס'איז דאָך ניט קיין שפּיעלכעל, זיך צו שטעלען געגען פּאָליציי, בעוואַפענט מיט כלי זין? איך זעץ זיך אויף אין בעט, אַרום מיר געפינען זיך שוין א 20 פּאָלי־ציסטען, אין בעגלייטונג פון אַ שכור'ען, גראָבען זשאַנדאַרם, וואס זעהט אויס, ווי פון דער נאַטור געבוירען צו אַזאַ איידעלע פּראָפעסיע... כ'בעקום אַ ברייטען שלום עליכם! ער ערקלעהרט מיר, אויף רוסיש, אַז מען מיינט מיך, מ'נעמט זיך בודק זיין אונזער וואוינונג, דורכפּלונדערנדיג יעדעס ווינקעלע, אַז אסור, מיין פאטער זוכט אַזוי שטארק צום חמץ בדק'נען...

ענדליך, נאכ'ן געפונען עטליכע, לעגאלע ביכער, פאטאָגראַפען און אנדערע ניט וויכטיגע דאָקומענטען, וועלכע זענען און זייערע אויגען יעצט א גאנצער יקר המציאות, בעפעהלט מען מיר זיך אנצוטהון וואס שנעלער, מ'פערבעט מיך אויף קעסט, איך זאָל ניט דאַרפען זאָרגען וועגען דאגת פרנסה...

דאַמאלס שפּיגעלט זיך ערשט אב, די אמת'ע טרויע־ריגע פאַמיליען טראַגעדיע, מיין מוטער פאלט מיר אויפ'ן האלז, בעגיסט מיך, מיט איהרע זודיגע, מוטערליכע טרערען דער פאטער און די ברידער שטעהען אויך ניט פון ווייטען, אַ סעקונדע שטעהען די היטער פון געזעץ ווי פערשטיינערט זיי קענען זיך ניט אברייסען פון דיזען בילד, אבער דאס

דויערט נור איין מינוט, זיי דערמאנען זיך, אז זיי האבען אויף זיך מיליטער פפליכטען צו פערווירקליכען, און אז א זאלכע טראגעדיעס זענען ניט ביי זיי די ערשטע, און אויך ניט די לעצטע, און בעפעהלענדיג מיר מיטצוגעהן מיט זיי...

מיינע גאנצע פאמיליע וויינען און גיסען טרערען, זיי ווילען אויך מיטגעהען מיט מיר צוזאמען, אבער זיי נעמט מען ניט צו, זיי לאזט מען ניט געהן, ווייל נור איך אליין בין דער זינדיגער, דער פערברעכער...

נאָך איין מאָל, האָב איך זיך גוט ארום געקוקט מיט א טיפען בליק, אויף מיינע נאהענטע און טהייערע, אויפ'ן גראָהען טאטען, אויף די בלאסע מוטער, זיך געזעגענט מיט מיינע געשוויסטער, אפשר שוין אויף אייביג?... איך האב גוט בעקוקט אונזער וואוינונג, בעטראכט יעדעס ווינקעלע, ווי איך האב יאהרען לאנג אנגעלעבט, געזאגט זיי דעם לעצטען "זייט געזונד!" זאָרגט ניט ס'וועט קומען, פריהער אדער שפעטער, די צייט פון מיין בעפרייאונג... און האב זיך געלאזט ארויס געהן פון מיין וואוינונג, אונטער די בעגלייטונג אין גרויסע שמירה פון די פאליציי לייט.

מיין פאטער האט מיר נאך צו געוואָרפען זיינס א אלטען בגד, א ווארימען פאלטאָ, ס'זאָל מיר ניט זיין קאלט...

א שטילע תפילה, שעפטשעט מיין מוטער ביי מיין ארויס געהן, כ'הער יעדעס וואָרט, וואס פייניגט מיך ווי גיפטיגע קוילען, און איך אנטווארט אויך נור מיט איין אנטווארט, קרייך מיט די צייהן, אין שריי אויס "נקמה! נקמה!"

דורך'ן טויער לאזט מיך דורך אונזער נאכט סטרוזש, א צורר ישראל, וועלכער האט קיין מאָל א פריינדליכע מינע

ניט בעוויזען צו קיינעם פון די שכנים, יעצט קוקענדיג, אויף איהם פיהל איך, אַז אויך ער בעדויערט מיך, נאַך־טירליך ניט אַלס זיינס אַ חבר, איך בין דאָך אַ "זשיד" נור עפּעס ערוועקט זיך ביי איהם אַ שנאה צו די פּאָליציי, ער פיהלט אויך, אַז ער פערלירט שוין אויף אַ צייט, מיינע מעשענע מטבעות, וועלכע, כ'פלעג איהם געבען ביי נאַכט, יעדעס מאהל ווען כ'בין געקומען אהיים שפּעט, איך פיהל אויך, ווי ער טראַכט ביי זיך אויף מיר, געוועזען שטענדיג אַ שטילער, רוהיגער "זשידעק" און יעצט וויזט זיך ארויס, אַז ער איז גאָר אַ פּאָליטישער פערברעכער...

אוי! דו נאַרישער גוי! ווען דו וואָלסט פערשטאַנען, ווי כ'פיהל שטענדיג מיט די ליידען פון אַלע אונטערדריקטע און שוואַכע, וואס כ'וואָלט געוואָלט זעהן אייער פּויליש פאָלק און אַ בעסערען צושטאנד ווי יעצט, אַז איהר זאָלט אויך זיין ווי אלע פרייע פעלקער, און אייער אייגענעם לאַנד, ווען דו זאָלסט דאס געוועון וויסען, וואלסטו זיכער, מיר געגעבען פריהער צו וויסען, אַז די פּאָליציי זוכט מיך, און דו וואָלסט מיר געגעבען א געלעגענהייט נעלם צו ווערען...

מיינע געדאנקען ווערען איבערגעריסען, כ'דערוויטער זיך אלע מאהל מעהרער, פון דעם אלעם וואס איז מיר געווע־זען נאהענט און טהייער...

אויפ'ן וועג, געהענדיג, בעגעגענט מען א נאכט סטרוזש וועלכער וויצעלט זיך מיט די פּאָליציי לייט אויף מיין חשבון, ער פרעגט זיי "גאָספּאָדא, פּאימאלי ווי בונטאָוושטשיקי?" זיי אנטוואָרטען איהם מיט טריואמפף "דא! דאו!"

און מיר צינדעט זיך אן, א נייער פלאם, וואלט איך

געוועזען בכוח, וואָלט איך זיי געוויזען די גבורה, ווי שמשון הגבור, אָבער איך פיהל, אז איך האָב יעצט ניט קיין קרעפטען אַנטקעגען זיי. און דעריבער שווייג איך...

ענדליך, נאך עטליכע מינוטען גאנג, שטעלען מיר זיך אָב, נעבען אַ הויז, און לויט אַ פריהער בעשטימטע אויסרעכנונג, און אויך אַ אונגעוויזענע אדרעס, וועקען זיי איבער דעם בעל הבית פון הויז, וועלכע ווייזט זיי אָן, ווי זיינער אַ קוואַרטיראַנט וואוינט, זיי קומען אריין, און אַ קליינע שמאלינקע דירה, מיטשלעפּענדיג מיך מיט, אלס זייער געפאַנגענער...

אַ אידעל, וואס מ'דערקענט אויפ'ן פנים, אַז ער מישט זיך ווייניג וואס און פּאָליטיק, וועלכער ווייסט נאָר, אז ס'איז איהם שלעכט, און ער וויל זיך פערבעסערן זיין טרויעריגער לאַגע, זיין עקאָנאָמישען צושטאַנד, א איד א קליינטשיקער, אַ יאהר 45 אַלט, וואס האט עטליכע קינדערלעך, ווי אויך אַ ווייב, וואָס פאָדערן עסען, צושטילען זייער הונגער, אַזאַ איד, האב איך, ביי מיין אריינקומען אין שטוב בעגעגענט...

ער, דער כלומרש'טער קראַמאָלניק, דער רעוואָלו- ציאָנער, וועלכען מ'איז איהם געקומען יעצט אַרעסטירען, קוקט אויף מיר, איך קוק אויף איהם, עפּעס פערשטעהט ער מיט וואס דיזעס שמעקט, און עפּעס גלויבט זיך איהם ניט, רוסיש אָדער פּויליש קען ער ניט רעדען, אַ איד פון אַ גאַנץ יאהר...

נאָכען מאַכען ביי איהם די אייגענע רעפּעטיציע, דעם זעלבען אָביסק, בעפעהלט מען איהם אויך מיט צו

געהן מיט אונז, אַ ברירה האָט ער? די קינדערלאך האָבען געשריען „טאַטע גע͏ה ניט אוועק!” און ער האט זיי געטרייסט, ער וועט באַלד צוריק קומען, ער געהט ניט אוועק אויף לאַנג...

אָט, האָב איך שוין בעקומען אַ בעגלייטער צו מיר, אָבער עס פרייט מיך וויניג וואס, איך טראכט זיך, ס'איז זיי געלונגען צו פאַנגען נאך א קרבן, נאָך אַ אומשולדיגען מענשען...

ענדליך, פערלאזען מיר די וואוינונג פונ'ם נייעם חבר, און מ'פיהרט אונז אריין, אין דער זעלבער גאַס, צו אַ צווייטען אידישען אַרבייטער...

ביים נייעם חבר, ווערט אויך געמאַכט אַן אָביסק, און אנשטאט צו געפינען ביי איהם טריפה'נע, אונלעגאַלע ליטעראַטור, האָבען זיי נאר געפינען ביי איהם, טויבען, פון פערשידענע קאָלירען און סאָרטען... די פּאָליציי ערקלעהרט איהם אויך אַלס אַרעסטאנט, און אז ער ווערט אויך פערבעטען אין טורמע אריין... דיזען חבר'ס ווייב און שוויגער, און אויך זיינע קינדערלעך זענען שוין פּראַקטישער, זיי זענען שוין אַ מאהל געפּרופט געווארען מיט אזא טעם, זיי פערשטעהען, אז ווי ס'זאל זיך ניט ענדיגען דער אַרעסט, וועט דאס זיין פאַר זיי אַ טויט קלאַפּ, ס'וועט זיי אויסקומען צו ליידען הונגער און נויט... אָבער זיי שווייגען שטיל, דער דריטער חבר, טרייסט זיי, פאַר'ן אוועקגעהען, זיי זאָלען ניט זאָרגען, ער גיט אַ בליק אויף זיינע טויבען און, אויף די עטליכע קאַנאַריקעס, וועלכע שפּיעלען גראדע יעצט, זיסע, ליעבליכע טענער, אז ס'דאכט זיך, ווי זיי וואָלטען

פראָטעסטירט און בעדויערט, דאס אוועק געהען פון זייער שפּייזער...

—אָרימע! אָרימע פויגעלעך! טראַכט איך ביי זיך, אפילו אייך, וועט יעצט אויסקומען צו ליידען הונגער און דורשט, איהר פערשטעהט, און פיהלט דאס, און דאריבער, טרילט איהר זיסע טענער, אויסגעמישט מיט טרויעריגע מעלאָדיען...

יעצט זענען מיר שוין זאלבע דריט, דער געדאַנק מיינער ארבייט ווי אַ מאשין, מארשירענדיג צוזאמען אין גאס, אין בעגלייטונג פון די פּאָליצייסקע שמירה, טראַכט איך ביי זיך, ווער ווייסט, ווענען נאך, זיי געהן דאס יעצט ארייןכאפּען אין זייער, בלוטיגער שמוציגער און נידער־טרעכטיגער לאַפּע...

איין פּאָליציסט, מאכט מיך אויפמערקזאם, איך זאָל געהן עטוואס שנעלער, אז ניט דראָהעט ער מיך... איך שרעק זיך ווייניג אפּ פאר איהם, ווייל ערגער ווי ערגער קען דאָך ניט זיין...

מיר ווערען ווידער אבגעשטעלט פאר אַ הויז, די פּאָליציי קלינגט אן ביים בעל הבית פונ׳ם הויז, מיט פערשלאפענע אויגען, קומט ארויס עפענען ס׳טויער, מיינ׳ס א פריינד, דעם בעל הבית א זוהן, ער דערזעהט מיך, ארומגערינגעלט מיט פּאָליצייסקע שמירה, און ער פער־שטעהט שוין מיט וואס דאס שמעקט...

די פּאָליציי פרעגט איהם אויף אַ געוויסען מענשען, וואו ר׳וואינט אין דיזען הויז, צוליב א טעות ביים פערשרייבען דעם נאמען האָבען זיי ניט די ריכטיגע אַדרעס, און צו זיין

גליק האָבען זיי ניט געקענט אויסגעפונען ווי ר׳וואוינט, און זענען אוועק ווי · אבגעשמיסענע, אויפגערעגטע, מיט צוקאָכטעם בעסטיאלישעם בלוט... זיי האָבען בּיי מיר אויסגעזעהן ווי ווילדע חיות, וואס עסען, און ווערען קיינמאהל ניט זאַט...

אַוועק געהענדיג פון דאָרטען, ניט געפינענדיג„ דעם וועלכען זיי האָבען געזוכט, ווארף איך אַ בליק צו מיין ניט אַרעסטירטען חבר, און זינג מיר צו אַ שטילען ניגון

שמיעדט אונז אין אייזערנע קייטען
ווי בלוטיגע חיות אונז רייסט;
איהר קענט אונזער קערפּער נאָר טויטען
אָבּער ניט אונזער הייליגען גייסט!

כ׳זאג איהם אויך - שטיל אונטער, אז ר׳זאָל זאגען מיין מאמען אז מיין ארעסט האט א שייכות מיט די בעקער ארבּייטער, און איהר אבגעבען אַ גרוס פון מיר...

עס איז מיר שוין נמאס געווארען דאס ארום פלינדערן צוזאמען מיט דער ברוטאלער באנדע און איך האָב אויפ־געהויבען מיין שטימע צו ערשט שטיל, און דערנאך העכער, אז זיי זאָלען אונז פיהרען אין ארעסט הויז, און ניט ארום שלעפּען זיך און צו זעהן ווי זיי בּעפאַלען פרעמדע הייזער, און שטערען די רוהה פון די פריעדליכע, מיעדע איינוואהנער...

ענדליך האט מיין פּראָטעסט געווירקט און מ׳האט אונז אבגעשיקט אין טורמע אריין, אונטער די בעגלייטונג פון עטליכע סטראַזשניקעס, די איבּעריגע האָבען זיך ווידער געלאָזט אויפ׳ן געיעג...

די נאַכט האָט שוין אנגעפאנגען צו פערשווינדען, און עס האט אנגעהויבען צו טאָגען...

מיר זענען שוין בײ די ריעזיגע טויערען פון די טשענסטאכאווער טורמע, ווי פיעלע האָבען דאָרטען פיעלע טעג און נעכט פערבראכט...

ווען איך בין נאָך געווען אַ פרייער פויגעל האָב איך מעהר ווי איין מאהל דורכגעהענדיג געוואָרפען מיינע בליקען, אויף דער טורמע און איהרע פערשטעלטע פענסטער, וואס לאָזען קיינמאהל ניט צו קיין ליכטיגען שטראהל... אין געטראכט האָב איך זיך, אַז פריהער אדער שפעטער וועל איך אויך זיין אַ קווארטיראנט אין אַזאַ פייכטער דירה, ווייל אזוי ענדיגען דאָך אלע חברים זייער לעבענס דורכגאַנג...

די פּאָליצייסקי האָבען אנגעקלינגען בײם טורמע גלאָק, און גלייך קומט ארויס אַ סטרוזש, איינגעהילט און זיין גרויען שינעל, ער שליסט אויף דאס שלאָס, און עפענט ברייט דעם טויער, בײ איהם איז עס שוין ניט קיין נייעס, ווייל עס איז א געוויינליכע ערשיינונג, און אָפּטמאל, ווערט כמעט יעדע שעה, די טורמע בעגייט מיט פרישע מענשען, אָבער פאָרט, איז שוין זיין טבע, שטארק צו בעטראַכטען זיינע פּאַרשוינען... קיין גרויס פרייד האָבען מיר בײ איהם ניט ארויסגערופען, ווייל ער האָט שוין פערשטאַנען, אַז פון אונז וועלען זיי קיין פעט ביינדעל ניט קאנען אבלעקען, זיי האָבען בעסער ליעב, ווען עס קומען געפאנגענע, קרימינעלע ארעסטאנטען, וועלכע האָבען אויף זיך גרויסע קרימינעלע עבירות, פאר רויבען מאָרדען און

אנדערע שווינדלערייען... ביי א זעלכע אַרעסטאנטען, שפּיעלט ניט קיין ראָלע קיין געלד, און זיי בעקומען אָפט שעהנע מטבעות, פאר פערשידענע טובות, וואס זיי טהון זיי... דיזער סאָרט אַרעסטאַנטען, וועלכע זענען די ערגסטע אויסוואורפען און קרבנות פון דער יעצטיגער ארדנונג, זיי ווערען ניט אזוי שטרענג בעהאנדעלט ווי מיר, צו זיי, ווערען אָפט צוגעלאָזען בעקאַנטע חברים, פּראָפעסיאָנעלע פערברעכער, וואס זענען אויף דער פריי, און ס׳איז נאָך ניט געלונגען זיי צו אַרעסטירען, זיי קומען בעזוכען די פערשפּארטע אַרעסטאנטען, ברענגען זיי מיט פּראָדוקטען, געלד און בעריכטען פון זייער טהעטיגקייט, און רעדען צווישען זיך און אַ פערשטעלטע שפּראַך, אַנדערש איז עס מיט די פּאָליטישע ארעסטירטע, זיי געפונען זיך אונטער די ערגסטע בעדינגונגען אין דער טורמע, די בעדינער פיהרען אויס די בעפעהלע פון די נאַטשאַלסטוואָ, זעהר פּונקטליך, ס׳איז ניט ערלויבט צו ריידען מיט קיין פּאָליטישען ארעסטאַנט, ווייל זיי זענען די צושטערער פון רוהע און אָרדנונג, א. ז. וו.

—נאָך זייענדיג אין קאָרידאָר, וואס האט שוין דעם אויס זעהן ווי אנ׳אמתע שטייג, מיט איהר קליינעם נר תמוד לעמפּעל, וואס צאנקט און בעוועגט זיך רוהיג, הויבט דער שומר אן מיט אונז, צו פיהרען אונטערהאנדלונגען... כאָטש ס׳איז פאַרהאן א בעפעהל ניט צו האבען קיינע בעציהונגען מיט ארעסטאנטען, אָבער ביי נאַכט זעהט דאָך נאַטשאַלסטוואָ ניט... ער פערשטעהט, אַז מיר זענען אידישע ארעסטאנטען - און אידען האָבען ליעב צו געבען

און שווייגען – ער ערקלערט אונז אַז, ער וועט אונז געבען אַ בעסערען קווארטיר, מיר זאָלען איהם בעסער בעלוינען, איך האַלט פון אידישען מיטעל, אַז מ׳שמירט בעסער, פאהרט מען גלאַטער... און איך בין דער ערשטער, וואס נעם ארויס 2 זילבערנע מטבעות, און רוק איהם פאוואָליע אין האַנד אריין, אונבעמערקטערהייד, דער ערל שליסט אויף אַן אבטהיילונג פון אַ דיקע פערשלאָסענע טהיר, און לאָזט אונז אריין אינוויינינ! איך געפין דאָרטען עטליכע פוילישע חברים, שלאפען אויף זייערע געלעגערס שוין עטליכע שעה, און האַלטען שוין באַלד ביים אויפשטעהן, און עטליכע פון זיי ווידער זענען באַלד ניט איינגעשלאפען, קען מען דען שלאפען אויף אזא געלעגער אין הארטען לעבעדיגען קבר?...

—אונזער אריינקומען האָט זיי אלעמען געמאַכט וואכענדיג, זיי האָבען אויפגעהויבען די קעפּ, טיעף זיך אריינגעקוקט אין אונזערע בליקען, אין דערקענענדיג אַז מיר זענען אידען, האט זיך זיי פערגליסט צו רייצען מיט אונז, צו שפּיעלען אַ לוסטיג שפּיעלכעל מיט אונזערע פערפּייניגטע נשמות... מיר האָבען זיך נור וואס צוזעצט, צוזאמענגעבוי־גען און דרייען, אויף דער פייכטער ערד, אברוהענדיג זיך אויף אַ האַרטען שעניק, האָבען מיר בעקומען מתנות פון אונזערע קאַמעראַדען, קאַמאַשען, שטיוועל און אנדערע אינסטרומענטען, געטראָפען אין קאָפּף אָדער ערגעץ אנדערש וואו... איך אליין בין געוועזען א גליקליכער, וועלכען עס האט ניט געטראָפען און דערגרייכט אזא טייערער קבלת פנים...

מיינע חברים, זענען געווען פארגעברייט צו אַ קאַמפּף זיך נוקם צו זיין אָן די, וועלכע בעוואַרפען אונז מיט פערשידענע זאַכען, זיי האָבען אבער דאָך ניט געוואוסט ווער ס'ווארפט, און וואו צוריק צו ווארפען, ווייל אין די פינסטערניש האט מען גארניט געקענט בעמערקען, און דאריבער האבען זיי געמוזט דעם קאמפּף אויפגעבען און ניט צוריק ווארפען קיין זאך...

די קריסטליכע אַרעסטאנטען, האבען אָבער ניט אויפגעהערט צו ווארפען, זיי האָבען געהאט דערפון אַ געוואַלטיגען פארגעניגען...

מיין חבר, וועלכען איך האָב געקרוינט מיט'ן נאמען דער „אַלטער אַרעסטאַנט" איז געפאלען אויף אַ פלאַן, ער האט אנגעהויבען קלאַפּען, אין א אייזערנע טהיר מיט קוראזש, און האט אנגעהויבען מיט אַ הויכער שטימע צו פּראָטעסטירען, און מיר האבען איהם צו געהאלפען, ס'האבען זיך איבער געוועקט אונזערע אידישע שכנים'דיגע חברים, וועלכע זענען ערשט ניט לאַנג איינגעשלאפען. ס'איז געוואָרען אַ שטארקער גערויש און גערודער... די סטרוזשעס זענען אנגעקומען, און האָבען אנגעצינדען די עלעקטריק, תאבען מיר ערשט דערזעהן, אז עס זענען דא, צוזאמען מיט אונז נאָך עטליכע חברים, מיט וועלכע, מיר האבען זיך נאטירליך דערפרייט, און בעגריסט...

די שומרים האבען זיך צוגעהערט צו אונזער פּראטעסט און אונז גלייך איבערגעזעצט אין אַ צווייטע קאַמער ווי מיר האָבען בעגעגענט מעהר פריינדליכערע ארעסטאנטען, דארונטער אויך עטליכע אידען, מיר האבען זיך אנגעהויבען

צו בעקענען איינער מיט׳ן צווייטען, און זיי ערצעהלט פון אונזער נאַכט איבערלעבונג, א. ז. וו.

דערווייל איז די נאַכט פערשוואונדען, מיר האָבען זיך איינציגווייז אָנגעפאַנגען צו בעקענען מיט אונזערע שכנים, און אויך מיט אונזער נייע־ארעסטאַנטען לעבען... וועלכעס איז אונז אין אנפאַנג זעהר קאָמיש פארגעקומען, אָבער ביסלעכווייז זענען מיר געוואָרען צו געוואוינט, און ס׳האט זיך אונז געדאַכט, אַז אזוי מוז עס זיין, ניט אַנדערש...

דער ערשטער שבת אין טורמע, האט אויף אונז זעהר שלעכט געווירקט, כאטש אין טורמע, אונטער די דיקע מויערען, איז שבת ניט קיין אויסנאהם פון אַנאַנדערן טאג... אָבער פאָרט, בעקומען מיר אַ גרוס פון דער פריי, מ׳ברענגט אונז חלות, פיש און אַנדערע מאכלים, וועלכע דערמאנען אונז, אז דער היינטיגער טאג איז אין דער היים אַ אויסנאהם פון אַ גאנצער וואָך... און דאס רייצט אונז נאָך מעהר...

און די אויגען פון עטליכע חברים בעמערקט מען אראָב קייקלען עטליכע טרערען... מ׳קאָן לעזען פון זייערע פנים׳ער, אַז ס׳איז אויף זיי אויסגעגאָסען אַ טיעפע מרה שחורה, איך מאַך זיך מוטה, און וויל דערמיט פעריאָגען זייער אומעטיגקייט, כאָטש אונווייניג פערבעהאלטענערהייט און דער נשמה, ברויזט אויך ביי מיר אליין, ווי אַ טיעפער, ווישענדער טייך...

און איך פאַנג אן צו זינגען דאס ליעד, „מיר ברעכען!“
די אויגען פול צארען, פערגאסען מיט בלוט,
די הערצער־זיי שלאָגען מיט קראַפט און מוטה,
מיר שטעהען ביי אַ הויכער, געמויערטער וואַנד

מיט האַמערס און אייזענס און לאָמען אין האנד,
מיר ברעכען, מיר ברעכען!...

דאס זענען טענער, פון פרייהייט און ליעבע, וועלכע זענען אזוי שעהן און הארמאָניש, און זינגענדיג, דאַכט זיך אַז די אבקלאנגען דערגרייכען אין דרויסען, אויף די פרייע און ברייטע וועלט, צו אַלע חברים אין בעקאַנטע, מיט וועלכע כ׳האָב צוזאַמען געלעבט און געליטען...

פלוצלינג, איבעריים איך מיין ליעד, צוליב דעם אנקומען פון קלוטשניק (שליסעל האלטער) וועלכער האט אריינגעבראכט אַ נייעם פארשוין. די אלטע ארעסטאנטען בעפאלען איהם ווי אַ היישריק בעגריסען זיך אויף ארעס־טאַנטען לשון... שעפען נחת וואס זייער משפחה האט זיך פערגרעסערט... פרעגען איהם אוים פערשידענעם, ווי אַזוי אין פאר וואס מ׳האט איהם ווידער ארעסטירט? און גלייכצייטיג, פאָדערט דער „פאַרזשאָנטקאָווע“ (דער היטער פון ארדנונג אין אונזער קאַמער) אליין אַ אַרעס־טאַנט, אַז ער זאָל איהם געבען אויף ביער, אדער בעסער געזאגט, ווי ס׳הייסט אויף זייער לשון איינקויף געלד, אין דער חברותא, יאַ־גערן, ניט־גערן, נאכ׳ן בעפרידיגען זיין וואונש, הייבט דער נייער אַרעסטאַנט אן זיך רעכנען אַלס א „זייעריגען“ א חבר פון איין צעלע...

מיך האט דאמאלס ווייניג פעראינטערעסירט זייער געשפרעך איך האָב דערווייל געפיהרט אַ שמועס מיט מיינע אידישע חברים, איינער פון זיי ווײנט זיך אוים זיין ביטער הארץ, זיינע קינדער פרעגען געוויס „וואו, איז דער טאטע?...“ איך זאג איהם, אַז שוין אַזוי יונג, וועלען

זיי זיך צו הערען צו זייער מוטערס אנטווארט, די פּאָליציי און זשאַנדאַרמערי זענען געקומען שפּעט ביי נאַכט ווי די כאַפּערס, — אין ׳ניקאָליי׳ס׳ צייטען, — וועלכע האָבען אוועק־גערויבט קליינע קינדער פון די מוטערס שירצען, אזוי האָבען זיי צוגענומען אייער פאטער און מיין שפּייזער אין אריין געזעצט אין אַ פינסטערע טורמע...

ווידער ווערט אונזער געשפּרעך איבערגעריסען צוליב׳ן אנקומען פון׳ם פערוואלטער מיט זיין געהילף פון ארעסט הויז און אויך עטליכע שומרים...

מ׳נעמט אונז אויסטראָיען, ווי מיר וואָלטען געוועזען סאָלדאטען, און מוזען שטעהן צו זייער דינסט...

דער געהילף פון׳ם פערוואלטער. א יונגער שניעק, זיבער געוועזען א פויערס א זוהן, נאָר א דאנק פערשידענע פראָטעקציע אדער כאבאר, איז איהם געלונגען צו ווערען א שרייבער אין קאנצעלאריע, האט א געשריי געגעבען "שאַפּקי דאַלאָיו!" צו אלע ארעסטאנטען, וועלכע ערפילען ניט זיין בעפעהל. ר׳צעהלט אונז דורך עטליכע מאָל, ס׳דאכט זיך איהם אויס, אז ער האָט געמאכט א טעות, ס׳פעהלט איהם איינער אויס, און ער צעהלט ווידער א מאָל. די אנדערע בעגלייטער, בעטראכטען די ווענט, זוכען אין אלע ווינקעלעך, צו ס׳האט זיך ניט הלילה וחס, וואו ניט ערגעץ פער׳גנב׳עט א ברוך אינסטרומענט... ניט געפונענדיג קיין זאך פער־לאָזען זיי די קאמער.

ס׳איז שוין די 2טע נאכט וואָס מיר געפונען זיך אין טורמע, די 1טע נאכט האבען מיר גארניט געשלאפען, און מיר זענען געוועזען זעהר מיעד, די פיס האָבען אנגעהויבען

אונז ברעכען, סמנים פון שוואכקייט האָבען געפיינִיגט אונזערע מיעדע קערפּערס ס'ווילט זיך אַנידער ליינען, א ביסעל זיך אויסרוהען, איז אָבער די פראגע, וואו? און אויף וואס זיך לייגען? אין מיט וואס צודעקען אונזערע קאלטע גליעדער, וועלכע נויטיגען זיך זעהר אַ ביסעל צו רערוואַרמען?...

די אלטע ארעסטאנטען האבען שוין לאנג פערנומען דעם אויבען אן, זיך ברווח'דיג אויסגעלעגט אין א גאנצע רייהע אין דער הויך אויף דער קאָיקע, און האָבען שוין איינציגווייז איינגעדרימעלט, פאר אונז זענען געבליבען נאָך ליידיגע ערטער, אויף דער קאלטער שטיינערנער פּאָדלאָגע, אונטער דעם אָנלעהן, פון א פערשוימעלטען פייכטען שעניק, און וועלכען ס'געפונען זיך, טיעף און טיעף און זייערע בעהעלטעניש פיעל מיקראבען, לעבעדיגע ווערים, מיט וועלכע מצרים איז געוועזען געבענשט... יא גערן! ניט גערן! האבען מיר זיך מיעדע אויסגעצויגען אויף דער ערד, מיר האבען דען געהאט א אנדערע ברירה?... מאנכע האבען זיך אונטערגעלעגט צו קאפּענס א פּאַלטאָ אָדער אנאנדער בגד, איך האב מיר אונטער־געלעגט מיינע הענד, וועלכע, כ'האב געמוזט פון צייט צו צייט אוועק נעמען, ווייל כ'האב זיי געהאט צופיעל אנגעשטרענגט...

ענדליך האב איך געכאפּט א דרימעל, כ'בין אָבער גלייך איבערגעוועקט געווארען, שולדיג זענען געוועזען די קליינינקע ווערימלעך... זיי האבען זיך צוהוליעט מיט זייער גאנצער קראפט, ארום שפּאצירענדיג איבער מיין געלעגער,

און שטערענדיג מיין משטיינס געזאגטען שלאף... איך איך האב געמוזט אויפשטעהן, און זיין וואכנדיג די גאנצע נאכט... פארן זונען אויפגאנג, האָב איך א צווייטען דרימעל געכאפּט, די נאטור האט מיך בעזיגט, און מיך איינגעשלעפערט אין איהר שויס...

א צווייטער צופאל האט ווידער געשטערט מיין פערגעניגען, דער "קלוטשניק" האט געעפענט די פערזשאוועטע טהיר, אונז בעפוילען אויפשטעהן, די שרעקעדיגע, האבען גלייך ערפילט זיין בעפעהל, די "העלדען" די עלטערע ארעסטאנטען, האבען זיך וויינינ וואס גערעכענט מיט זיין שטרענגען בעפעהל, אין זיך ווייטער געלעגען, אזוי ווי מען מיינט ניט זיי... דער קלוטשניק, זעהענדיג אז מען הארכט איהם ניט, האט אנגעהויבען ארויס פון אלע "כלים" אין אנגעהויבען צו שרייען."וואס איז די מעהר מיט אייך?" צו האט איהר פערגעסען וואו איהר זייט?" דענקט איהר, אז איהר זייט אין א האָטעל... ניט ווילענדיג, זענען אלע אראָב פון די נארעס, אויסער איין אידישער הבר ר. וו. "שנעל די שעניקעס אויפ'ן הויף ארויס"!, האט געגעבען דער קלוטשניק א שטרענגען בעפעהל, "וועלכען מיר זענען גלייך נאכגעקומען, דען א ברירה האָבען מיר געהאט?...

—"ווער ליגט דאס דאָרטען אין ווינקעל?" שרייט אוים מיט רציחה א צווייטער קלוטסניק.

—"א קראנקער!" ענטפער איך איהם.

ער רוקט זיך פאמעליך צו,צום קראנקען ארעסטאנט און קוקט איהם פעסט אריין אין פנים, און ווען ער זעהט אז דאס איז איינער פון אחינו בני ישראל, פלאצט ער ארויס

מיט א ווילדען געלעכטער, און זאגט צו מיין קראנקען חבר „ס'וועט דיר גארניט זיין זשידיאנאק" מאך ניט קיין אנשטעל ווי איהר אידעלעך האט ליעב, ס'וועט דיר גארניט העלפען, מיינסט ביזט אויף דער פרייהייט?

דער קראנקער, ענטפערט איהם גארניט, ווייל די ליידען פרעסען איהם צו שטאַרק, דער קלוטשניק איז אוועק, ס'איז דען זיין באָבעס דאגה? קיין שלעכטער מענש איז ער ניט, דאס האָב איך איינגעזעהן, פון זיין געשפרעך מיט אַ אַלטען אַרעסטאנט, ער האט איחם דער־צעהלט, אז די ערשטע צייט, ווען ר'איז אנגעקומען אויף דינסט פאר 12 רובעל אַ חודש, האָב איך מעהר ווי איינמאל געוואָלט פערלאזען מיין שטעלע, ווייל געדאכט האט זיך מיר אז איך האב מיר פערשאפט אַ זעהר ניט קיין איידעלען פאָסטען.... אָבער איינציגוויין, זענען פערשוואונדען ביי מיר יענע נארישקייטען, כ'האב אנגעהויבען איינזעהן, וואס טהוט ניט אַ מענש פאר געלד? און צוריק רעכענדיג, איז דען דאָס אַ שלעכטע פרנסה? כ'בין ווי אַ הערשער אין אַ קליינע מדינה.... פערגעסט ניט, היינט האב איך זיך אַרויפ־געאַרבייט, דערדינט צו אַ העכערען טשין, בעקום מעהר געהאלט, אין בין מעהר אנגעזעהן... דער אַלטער אַרעסטאנט האט איהם צוגעשמייכעלט, און איהם גאָרניט געענטפערט... נור ביי זיך געטראכט, הלואי נעמט ער איין אַ מיתה משינה!... זייער געשפרעך איז געשטערט געוואַרען, צוליב אַ שטארקען גערידער, אין די קרימינעלע קאַמער, וואס איז פארגעקומען, צוליב דעם, וואס זיי האבען אריינגעקריגען אַ נייעם פאַרשוין, וועלכער איז נאך ניט קיין פאטענטירטער

גנב, און האָט זיי ניט געוואָלט געבען קיין איינקויף געלד, האָבען זיי איהם אנידערגעלייגט און געשמיסען אויף וואס די וועלט שטעהט, און איהם געוויזען צו זיין אַ מענש מיט לייטען גלייך... די קולות האבען דערגרייכט ווייט, ווייט' אַזש אין אונזער קאַמער, דער קלוטשניק איז אנטלאפען אין מיטען שמיעס, איינשטילען דעם "בונט".

מיך פעראינטערעסירט יעצט די פראַגע, וואס וועט ווערען מיט'ן קראנקען חבר... וועגען דעם גורל פון מיר, און אלע אַנדערע חברים, האב איך אויפגעהערט צו טראכטען... די פראגע, וועגען מיין חבר ענגבערט מיין מח, פיינינגט שרעקליך מיין געוויסען... זיין לאַגע ווערט אַלין ערגער און טרויעריגער, ער בעט הילף, אָבער קיינער הערט איהם ניט... און מיר, אַרעסטאנטען, וועלכע ווילען איהם העלפען און קענען ניט, אלעס ארום אונז איז פעריגעלט אונטער פיעל שלעסער אין אונטער פאָליציי השגחה... יעדער קרעכץ פון קראנקען מאכט טיעפע וואונדען אין מיין הארצען...

ענדליך האבען מיר אנגעפאנגען צו פראָטעסטירען, די מעהר פראָגרעסיווע אַרעסטאנטען האבען אונז צו געהאלפען, און מיר האבען געפאדערט א דאקטאר, אדער מ'זאָל איהם נעמען אין האָספיטאל נאך פיעל שעה'ן פון בעטען איז ענדליך געקומען א פעלדשער, ער האָט אַ בליק געוואָרפען אויפ'ן קראַנקען, און בעפוילען צו ברענגען פון טורמע שפיטאל אַ קליין פלעשעלע מיט מעדיצין, און איז זיך רוהיג אַוועק, דער קראַנקער איז נאָך פיעל טעג געלעגען בעוואוסטלאָז. ענדליך האָט ער אנגעפאַנגען צו זיך צו קומען.

איך זייענדיג דורכגעדרינגען מיט דעם טאָג פּאסירונג, האט זיך מיך בּיי נאַכט געחלומ'ט, ווי אָט איז מיין חבר אבגעשטאָרבּען אין טורמע, ארומגערינגעלט פון פרעמדע אונגעוואונשטע בּעגלייטערס, און אז זיינע לעצטע ווערטער פאר'ן טויט זענען געוועזען, "כ'וויל זעהן מיין פרוי און קינד"... ווייטער האָבּ אין חלום גזעהן, ווי מ'שלעפּט איהם ארויס א בּלייכען א טויטען, עס פיהרען איהם טרעגערס וועלכע זענען שולדיג אין זיין טויט... וועלכע האבּען אוועקגערויבּט זיין יונגעס לעבּען... איך דערזעהענדיג דאס, האט זיך בּיי מיר ערוועקט ראכע געפיהלען, איך האָבּ אנגעפאנגען שרייען, פּראָטעסטירען, זיי זאלען איהם ניט אנריהרען מיט זייערע שמוציגע הענד, און זאָלען ניט פערשוויינען זיין קערפּער... זיי זאָלען איהם בּעסער איבּערגעבּען צו אונז, נאַהענטע חברים... און אזוי לאַרעמדיג מיט א געשריי ווי א וואהנזיניגער האָבּ איך זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף...

בּיי מאנכע אַרעסטאַנטען, האט מיין געשריי ארויסגערופען פערווינדערונג, אנדערע שוין דערצו געוואוינט געוועזען האבען זיך ניט אומגעקוקט אויף מיר.

אונזערע טעג אין געפאנגענשאפט האָבּען זיך אנגעהויבּען ריקען אַ טאג נאָך א טאג. יעדען פּריה־מאָרגען, ווען ס'איז אונז געלונגען ־ א דאנק פערשיעדענע בּקשות, און אויך מיט דער הילף פון מטבּעות—ארויסצוקומען אויפ'ן פרייען טורמע הויף, וועלכער האט ענטהאלטען א 20 איילען די לענג און דאס זעלבּע אין דער בּרייט ־ האט זיך אונז דאמאלס פערגליסט ארויס צו קומען פון דער שטייג, וואס

פייניגט אונזערע נשמות... טהיילמאל זענען די טעג געווען זעהר שעהנע, די פויגעלעך, וואס זענען פערביי געפלויגען, האָבען אָפּט אויסגעגאָסען זייערע טענער, און האבען אויף אונז אונבעשרייבליך געווירקט... מיר האָבען מקנא געווען דיזע בעשעפענישען, און מאָמענטאל האט זיך געוואלט, זיי זאָלען אונז שענקען זייערע פליגלען, און מ׳זאָל קענען פערשוואונדען פון אונזערע לעבעדיגע קברים...

איידער מיר האָבען זיך אַביסעל ארום געטראכט שפּאצירענדיג אין שמאלינקען הייפעל, האט מען אונז שוין בעפוילען צוריק אריינצוגעהן... אָפיציעל האט די טורמע אדמיניסטראציע ניט ערלויבט צו שפּאַצירען, כאָטש. יעדער ארעסטאַנט האט דאס רעכט און יעדער טורמע צו פאדערן —זיי האבען אנגעגעבען זייער צוריקווייז, ווייל, מיט א קורצע צייט צוריק איז פארגעקומען א בלוטיגער פארפאל, בשעת׳ן שפּאַציר, האבען זיך א גרופּע קרימינעלע ארעסטאנטען, געוואָרפען אויף די טורמע אנגעשטעלטע, און דער רעזולטאט איז געווען זעהר א בלוטיגער. זייער גאנצען כעס און לאנג אנגעוועהטאגטע ליידען האט זיי געבּרענגט צו וואַרפען זיך אויף זייערע פייניגער, אין האָבען אויפ׳ן אָרט דער׳הרג׳ט עטליכע טורמע היטער, און עטליכע שווער פערוואונדעט... פון דאמאלס אן, האט מען אַוועק גענומען דאָס ביסעלע פרייהייט, וואס דער ארעסטאַנט האָט נאָך געקענט געניסען פון דער פרייער נאַטור... עס זענען געווען פיעלע טעג, וואס אין דרויסען האָט געהערשט אַ שרעקליכע פראָסט, דער ווינד האָט געפייפט אנ׳ברחמנות׳דיג מיט זיין גאַנצער קראַפט... אין אזעלכע טעג האָט זיך אונז געוואָלט

אבליינגען א פייער, ס'זאל קנאקען אין ברענען אויף וואס די וועלט שטעהט... אין טורמע איז אפילו געוועזען א גרויסער אויוועך, די צרה איז אבער געוועזען, וואס מיר האבען ניט געהאט קיין קוילען... די טורמע אדמיניסטראציע בעקומט ברען מאטעריאל גענוג, ס'ווערט אבער פון זיי אליין פער־שלונגען, און צו אונז דערגרייכט זעלטען עטליכע שטיקלעך קוילען, וואס זאלען דערוואַרימען אונזער נאסען קבר... מיר ארעסטאנטען האבען זיך א עצה געגעבען, פיעל מאָל האבען מיר אריין געליינט אין אויוועך שעניקעס מיט שטרוי, בגנבה, אז דער שומר האט אונז ניט געזעהען, און אלס צולאָג, אויך אונזער בעזים, מיט וועלכען מיר האבען גערייניגט אונזערע קאמערען.

בּיסלעכווייז, האט דאס לעבען אין טורמע אנגעהויבען געהן נאָרמאל, מיר האבען איינגעזעהן, אז מיר זענען ניט די ערשטע, און וועלען ניט זיין די לעצטע... וואָלטען מיר נור געהאט קאָרעספּאָנדענץ פון דער פריי, וואָלטען אונזערע לייד־דען נאָך געוועזען צו דערליידען, אבער דאס ניט וויסען, וואס ס'הערט זיך אויף דער פריי, וואס ס'מאכען אונזערע נאָהענטע און טהייערע, האט אונז אָפט פערביטערט אונזער איינזאמעס טרויעריגעס לעבען.

יעדען טאָג האָבען מיר געזוכט, אין אונזערע מאכלים —וואס מ'האט אונז צוגעשיקט—צו איז ניט פאַרהאַן ערגעץ פערבעהאלטען עטליכע שורות, אָבער אַ נעכטיגער טאָג! די שטרענגע אויפזיכט פון די דינער, ביים עסען אַריינגעבען, האָט געמאַכט פאַר אונמעגליך, וואס ניט איז אריינצולייגען...

ענדליך, דורך אַ צופאל איז דאך געלונגען, אריין צו בעקומען אַ בריוועל וועלכעס האָט וויניג גערעדט אָבער פיעל בעדייטעט... סהאט געלויטעט: מ׳איז זיך אין דרויסען משתדל פאַר אונז, מ׳האט אוועק געשיקט צו דער סאָציאל דעמאָקראַטישער פראַקציע אין די דומא, א טעלעגראַמע, זיי זאלען מאַכען א אנפראַגע געגען אונזער אונגעזעצליכען ארעסט, ביי וועלכע ס׳איז גאר ניט געפונען געוואָרען... דאס האט אונז א ביסעל בערוהיגט, מיר האבען אויך שפּעטער בעקומען עטליכע גרוסען אויף די טעפלעך שפּעטער אויף נאָטירט א. ז. וו. איינציגווייז איז דאס אויך פערשוואונדען, די טורמע בעדינטע האָבען עס בעמערקט, צוליב דיעזען צופאַל: אין שכנות מיט אונז, זענען געזעסען קרימינעלע פערברעכער, זייענדיג שוין פון פריהער פער״משפט צו לאַנגע טערמינען אין קאַטאָרגאַ, און ניט האבענדיג וואס אנצואווערען, האָבען זיי געזוכט מיטלען צו אנטלויפען, אין איינמאל אבענד האָבען זיי איבערזעגט די גראַטעס און זענען פערשוואונדען, ווען די טורמע וואַך האָט זיך ארומגעקוקט האָבען זיי נאָך איינעם געכאַפּט, ס׳האט זיך גלייך אנגעהויבען א קלאַפּעריי, אַ פויקעריי, פון צייט צו צייט בעגלייט מיט א שאָס... אין אלע קאַמערען האט מען זיך גלייך דערוויסט וואס ס׳האט פּאַסירט, די אַרעסטאַנטען האָבען אַ זעהר גוטען געהער... די לאַגע האט אנגעהויבען ווערען א ערנסטע, מ׳האט געוואוסט אַז ס׳וועלען זיך אנהויבען אונטערזוכונגען, אַלטע אַרעסטאַנטען האבען דאס אונז נביאות געזאגט... די גאַנצע פּאָליציי זענען באַלד אנגעקומען, בעטראַכט און זיך

פערווינדערט, ווי אזוי האט דאס געקאנט פאָרקומען?... זיי האָבען זיך געלאָזט זיכען די אנטלאפענע, און גלייכ־צייטיג געמאַכט א רעוויזיע אין אלע קאמערען, מ'האט אונז בעפוילען אויסטהון כ'מעט נאקעט, געזוכט אין אַלע ווינקעלעך, נור זיי האָבען גארניט געפונען און זענען אַוועק ווי אָבגעשמיסענע...

די שמירה אין טורמע האָט זיך אנגעהויבען צו פערשטארקען און פערגרעסערען... און אונזערע נאהענטע בעקאנטע אויף דער פריי, האָבען ערפאהרען, דורך די מעלדונגען אין די טעגליכע צייטונגען, וואס ס'איז פארגעקו־מען... און א נייער שרעק האָט זיי ארומגענומען, ווער ווייסט וואס מיר מאכען?... און זיי האבען אויפגעהערט אונז צו שיקען עפּעס א ידיעה וואס זיי מאכען...

מיר ארעסטאנטען, האבען איינציגווייז אנגעהויבען פער־געסען וואס ס'איז פאָרגעקומען, עטליכע האָבען נעזונגען טרוי־עריגע ליעדער, אנדערע מעהר פריילעכערע, און דאָס, האט שטארק אויפגעבראכט, איינעם פון די טשינאָווניקעס, וועלכער איז פּונקט געוועזען אין טורמע קאנצעלאריע, ווי א ווילדער טיראַן איז ער אריינגעקומען מיט וועכטערס, צו אונז אין קאמער, און אונז בעפוילען צו זיין רוהיג, ווען ניט האט ער אונז געדראָהעט... מיר האָבען געמוזט ווערען שטילער, ווייל אזוי פאָדערען די, אין וועמעס רשות מיר זענען שטרענג פערשפּאַרט...

איך האב אנגעהויבען פיהרען אונטערהאַנדלונגען מיט איינעם פון מיינע שומרים, איך האָב איהם פארגעשלוגען, ר'זאָל מיר ברענגען א צייטונג יעדען פריה־מארגען, ער האט

מורא געהאַט מיר צו האַנדלען און ער איז אוועק... ס'האָט זיך מיר זעהר געוואָלט וויסען וואס ס'הערט זיך אין דער פרייער וועלט... אין וואָלט מיר געלונגען צו בעקומען א צייטונג וואָלט איך געזעטיגט מיין נייגיעריגקייט...

ענדליך נאָך 5 וואָכען זיצען אין געפענגניס האָב איך בעמערקט—בשעת'ן ארויסגעהן אויפ'ן הויף—ביים קוכער פון די אַרעסטאנטען, א אידישע צייטונג, כ'האָב פער־שטאַנען, אז מן הסתם שיקט מען מיר יעדען טאג צו א צייטונג, נאר זיי ווערען קאָנפיסקירט... איך בין צו געלאפען, און מיט טרערען און די אויגען איהם געבעטען,—און דערביי איהם געגעבען 20 קאָפּיקעס—ר'זאל מיר די צייטונג געבען... ר'האָט מיר די צייטונג געגעבען, מיט דער בעדינגונג, קיינעם ניט צו ווייזען...

איך האָב גלייך צונויפגערופען מיינע אידישע חברים, איך האָב זיי פארגעלעזען און ערקלעהרט יעדען ארטיקעל, א אלגעמיינע פרייד האָט אנגעפיהלט יעדעס הארץ פון אונז, די קריסטליכע ארעסטאנטען האָבען ביי אונז געבעטען זיי ערקלעהרען וואס פאר א נייעס ס'איז דאָרטען פארהאן, מיר האָבען זייער וואונש ערפילט... אָבער מעהר ווי דאס מאָל איז אונז ניט געלונגען צו בעקומען צייטונגען... אפטמאל ביינאַכט, ווען מיר זענען געוועזען זעהר פערצווייפעלט, האבען די עלטערע ארעסטאַנטען אונז אַביסעל פרייליך געמאַכט, זיי האָבען בעוויזען פערשידענע קונץ־שטיקלעך, וועלכע האָבען אונז געמאַכט, מאָמענטאַל פערגעסען די צרות... ס'האָט זיך געדאַכט, מיר געפונען זיך אין א צירק, מ'ווייזט אונז פערשידענע זעלטענהייטען...

נאָך פיעל טעג זיצען אין טורמע, און אפילו אונז ניט ערקלערען פאַר וואס? און פאר ווען? האָט מ׳אונז ענדליך גערופען אין קאַנצעלאַריע, און אונז געמאָלדען אז ס׳איז דא א פערדאַכט אַז מיר געהערען צו אַ אָרגאַניזאציע, וואס שטרעבט אראבצוואוואַרפען די יעצטיגע עקזיסטירענדע ארדנונג, און דעריבער זענען מיר אַרעסטירט, דער פראָקוראָר, וועלכער האט זיך דערביי געפונען, האט זיך אבגערופען׳ ״נוזשנאָ בילאָ עטאָ וואַס?... און מיר צינד זיך אן א ווילדער פלאַם, ס׳ווילט זיך מיר אַנטוואָרטען, אָבער כ׳שווייג בעסער... מ׳בעפעלט אונז אונטערשרייבען דאָס פאַפיר, אז מ׳האָט אונז ערקלעהרט, פאר וואס מיר זיצען, יעדער פון אונז ווייסט ניט מיט וואס דאס שמעקט... מיר ווינקען זיך איבער איינער צום צווייטען, מ׳זאָל דאס פאַפיר ניט אונטערשרייבען... דער זשאַנדאַרם טעלעפאָנירט צום העכערען נאַטשאַלניק, אַז מיר ווילען ניט אונטערשרייבען, דער נאַטשאַלניק ענטפערט איהם, ער זאל אונז ניט נויטען... ענדליך, זיך איבערלייגענדיג, אַז אונזער „אונטערשרייבען קען אונז ניט שאדען, שרייבען מיר זיך אונטער, אַז מיר געהערען ניט צו קיין פערברעכערישע אָרגאַניזאַציע, נאר אַז מ׳האט אונז מודיע געוועזען, אויף וואס פאר א גרונד מ׳האט אונז אַרעסטירט.

דאס פלוצלינגע דערמאנען זיך אין אונז אַרעסטאַנטען, האט אונז אביסעל פרייליכער געמאכט, מיר האבען זיך בערוהיגט, אז מעגליך וועט אין קורצען פארקומען, אונזער פערהער, און אזוי איז טאקע געשעהן: אין עטליכע טעג שפעטער, האט מען אונז גערופען אין קאַנצעלאַריע, און

אונז געלאזט וויסען, אז דער פיעטראָקאָווער גובערנאַטאָר, האט געגעבען דאס רעכט, אונז צו האלטען נאָר א חודש צייט, אבער די פעטערבורגער פּאָליציי, וועלכע זענען אנגע־שטעלט איבער פּאָליטישע ענינים האָבען אונז דערלייגט נאָך א חודש, ד. ה. אז 2 חדשים וועלען מיר שוין זיכער זיין ארעסטירט...

פלוצלינג, זיך ניט רעכטענדיג, בעמערקען מיר דורך אונזערע קליינע פענסטערלעך דאס אנקומען פון 2 זשאנדאַ־רען, מיט עטליכע בעדיענטע פון טורמע, זיי בעווייזען זיך און אונזער קאמער, און איך מיט נאָך א חבר, ווערען מיר גערופען אויף דער אויספארשונג... מיר ווערען גוט בעזוכט, צו ס'האט זיך ניט פער'גנב'ט ביי אונז עפּעס טריפה'נע זאכען, וועלכע קענען זיי שאדען ברענגען... נאכ'ן בודק זיין ווערען מיר ארויסגעפיהרט פון די דיקע מויערען און מיר דערזעהן דאס ערשטע מאָל די לעבעדיגע גאס מיט איהר גערויש און געפילדער... ס'דאכט זיך אונז געהענדיג אין גאס, אז מיר וועלען זיך שוין ניט קענען צו געוואוינען צו דיזען לעבען, אפילו מ'זאל אונז בעפרייען... אָבער, פאָרט ווילט זיך זיין פריי מיט אלעמען צוגלייך...

פאר'ן מאַגיסטראַט, האָב איך בעמערקט שטעהען מיין מאמען, כ'האָב גערן געוואָלט צו איהר רעדען אין בעגריי־סען, אבער מיינע בעגלייטער, שטערען דאס מיר... מיין מאמע, דערזעהענדיג מיך פערגיסט קוואלען טרערען... זי שרייט מיט איהר מוטערליכע שטימע "מיין זוהן, קום צו מיר, כ'וויל דיך אין מיינע אָרימס האלזען"... אָבער מיינע שומרים פיהרען מיך אלץ ווייטער און ווייטער, צום

קווארטיר פון זשאנדארמסקי נאטשאלניק.

מיר זענען אנגעקומען אין זיינע קאבינעטען, מ׳פיהלט שוין, אז עפּעס הויבט זיך אן בעווענען, ס׳ווערט קאלט און ווארם... כ׳פיהל, אז מיין גורל איז יעצט אָבהענגיג אָן איהם, און ער קען ענטשיידען וואס מיט מיר זאָל זיין...

א זשאנדארם פרעגט מיך אויס, ווי אלט כ׳בין? ווי כ׳האָב געלערנט? וואס מיין בעשעפטיגונג איז? א. ז. וו. אלעס ווערט אָבגעדרוקט אויף א שרייב מאשין און צוגעשטעלט צום נאטשאלניק, אין זיין פּריוואט קאבינעט אריין.

כ׳ווער גערופען צום נאטשאלניק דער ערשטער, נאָך מיין אריינקומען פערמאכט ער די טהיר, די זשאנדארען זאָלען ניט הערען אונזער געשפּרעך, מאָמענטאל גיב איך זיך א קוק ארום, ס׳הענגען אויף די ווענט פערשידענע בילדער פון אלטע הערשער און אויך אלטעס געוועהר, אויפ׳ן טיש ליגען פיעל דאָקומענטען, פּאפּירען, וואס האָבען ניט איין מענשען בעגראָבען אויף זיין גאנצעס לעבען...

די ערשטע בעשולדיגונג ווארפט ער מיר פאַר, אז כ׳געהער צו די פּועלי ציון, כ׳בין דער אָנפיהרער אין אונזער שטאָדט, כ׳האָב זיך בעטהייליגט אויף צוזאמענפאָהרען, א. ז. וו. ר׳פאָדערט פון מיר א בעשטעטיגונג... כ׳ענטזאג זיך אָבער פון אלעס, כ׳זאָג איהם, אז ביים אָביסק, ביי מיר אין הויז, האָט מען קאָנפיסקירט נאָר לעגאלע זאכען, וואס האָבען מיר גענוצט צי מיין טעגליכע צייטונגס פּראָפּעסיע...

ער פרעגט מיך פערשידענע פראגען, וועגען די נאָטיצען וואס מ׳האט ביי מיר געפונען אין אידיש, און ער האט פון זיי קאָפּיעס אין רוסיש, אויף דעם, האב איך געענטפערט, זיך

ניט פערפּלאָנטערט... ער האט מיר געוויזען א געשריבענעם דאָנאָס, אז איך געהער צו די פּועלי ציון, וועלכע פיהרען אן א קאמפּף געגען דער רוסישער מאכט, א. ז. וו. איך ענטזאג זיך קאטעגאָריש צו בעשטעטיגען זיין וואונש... ער האט דאס לעצטע מאָל געוואָרפען אויף מיר זיין בייזען בליק, און מיר נאָך אמאָל געפרעגט, פארוואָס כ'האָב זיך בעטייליגט אין א לעגאלע ארבייטער פערזאמלונג, וואס ס'איז פאָרגעקומען מיט א צייט צוריק ביי אונז אין שטאָדט? פארוואָס כ'האָב זיי געלעזען דעם אוסטאוו? איך האָב ערקלעהרט אלעס גענוי, אין כ'פערלאָז זיין קאבינעט...

שפּעטער האָט מען גערופען די אנדערע ארעסטירטע חברים, זייער חטא איז בעשטאנען, אין א פאלשע מסירה, וואס די בעקער בעלי בתים האָבען געהאט אָנגעגעבען אויף זיי, און אויך אויף מיר, אז מיר גרינדען, אנשטאט א לעגאלען בעקער פעראיין, א רעוואָלוציאָנערע אָרגאניזאציע, א.ז.וו.

ווידער פערשווינדעט א טאָג נאָך א טאָג, ס'בעווייזען זיך זשאנדארמען אין טורמע, און מ'פערבעט מיך אין קאנצעלאריע אויפסניי, און מיינע פינגער ווערען אָבגעדרוקט אויף פערשי־דענע פּאפּירען, מ'זאָל מיך דערקענען, ווען כ'וועל ארעסטירט ווערען א צווייטעס מאָל... אויך האָט מ'מיך, צוזאמען מיט אנ־דערע ארעסטאנטען, פאָטאָגראפירט, אין פערשידענע פּאָזעס.

אין עטליכע טעג ארום, האָט מ'מיך ווידער גערופען אויף א שטרענגערע אויספאָרשונג, און פערלאנגט, כ'זאָל בעשטעטי־גען, אז כ'געהער צו א פארטיי, א.ז.וו. מ'דראהעט מיר שוין מיט א גרויסע שטראף, אויב כ'וועל זיך ניט מודה זיין... נאר זעהענדיג, אז ער קען מיט מיר גאר ניט מאכען האָט ער

בעפוילען מיך צוריק פיהרען אין טורמע... ענדליך נאך 6 וואָכען זיין אין טורמע, האט מען מען מיך פלוצלינג גערופען צום נאַטשאלניק, ער שטעלט מיר ווידער די זעלבע פראַגען, און זעהענדיג אז ר'קען פון מיר צו קיינע רעזולטאַטען ניט קומען, און גאר ניט דערגעהען, שרייבט ער עפעס אן אויף א פאפיר, לעגט עס אריין אין א קאָנווערט, און כ'ווער צוריק געפיהרט אין טורמע קאַנצע־לאַריע, דער שרייבער עפענט אויף דעם קאָנווערט, און פאנגט אן אויף מיר צו קוקען מעהר פריינדליכער... ער ערקלערט מיר, אַז כ'בין בעפרייט און כ'זאָל וואס שנעלער צוזאַמען נעמען מיינע בגדים און פערלאָזען מיין קאַמער... ס'האָט זיך מיר יאָ געגלויבט און ניט געגלויבט, נאר זעהענדיג אז ס'איז קיין שפּאַס ניט, בין איך אריין אין מיין קאמער, געפאלען אויפ'ן האלז, פון מיינע איבער־געבליעבענע חברים, זיך צו קושט, אין זיי געוואונשען א שנעלע בעפרייאונג! כ'האב א לעצטען בליק געוואָרפען אויף אלעם ארום מיר, און בין ארויס אין דער ברייטער וועלט, אין גלייך געמאכט דעם ערשטען וויזיט ביי מיינע עלטערן אין הויז, כ'האָב זיי געטראָפען אין א פערצווייפעלטער שטימונג, טראַכטענדיג וועגען מיין שיקזאל...

א אונבעשרייבליכע פריידע האָט זיי ארומגענומען ביי מיין פּלוצלינגען אריינקומען... מיר זענען זיך געפאלען אויף די העלזער און זיך הערצליך צו קושט...

לאנג! לאנג! וועט בלייבען ביי מיר אין זכרון דער דאמאלסדיגער אָבענד פון מיין בעפרייאונג, אין

מיין צוריק זיין, צוזאמען מיט די, נאך וועלכע כ׳האב אזוי שטארק געבענקט, און וועלכע זענען מיר זעהר ליעב און טהייער.

ניו יאָרק, יאַנואר 1915



איך דאנק זעהר פריינדליך, די פאלגענדע פריינדע, וואָס האבען מיטגעהאָלפען, דיזעס בוך זאָל ערשיינען:

דוד לייב גערשענאָוויטש

ישראל׳קע בראָדער

נחמן ראָזענזאפט

יהושע גאָלדבערג

אבא קויפמאן

יוסף ליטמאן

יוסף פיינער

אלע דיזע פריינדע זענען מיטגליעדער פון דעם

**טשענסטאָכאָווער לאנדסלייט הילפס פעראיין**

מיט אכטונג,

**משה צעשינסקי**